# אַבּוּקָה לְרָאשֵׁי תֵּבוֹת פּאַמקעף

בעלייכט און בעשייד, ערקלערט און איבערזעצט

העברעאישע און אבקירצונגען
אידישע ר"ת אין געזאמעלט און מְסֻדָּר
אַ פּאַפּולערן אידיש, געווען אין אַבאָרדעה
פון אֶפְרַיִם אֵלִיָּהוּ רִיבַּאק בִּשְׁנַת שׁוּבַת צִיּוֹן תּשׁ"ח.







EPHRAIM E RIBACK
AUTHOR & LECTURER
1526 S. ALBANY AV.
CHICAGO 23 ILL. USA :

1948, HEBREW YEAR 5.708

מְחַבֵּר פון
"יַלְקוּט אֵלִיָּהוּ",
200 יאהריגען לוּחַ,
"אִמְרֵי אָבוֹת", וועגן
עטיקס אין פִּרְקֵי אָבוֹת.

**AVUKO, TORCH**

**EXPLICATE**

**ABBREVIATIONS**

**HEBREW AND JEWISH**



**אבוקה, פאַקעל**

**ערקלערט ר"ת**

**ראשי תיבות פאַרקירצונגען**

**העברייאישע און אידישע**

# אײנלײטונג צו דער אבוקה זאַמלונג, פון מחבר אפרים אליהו ריבאַק



אין אלע שפּראַכען װערען באַנוצט אַ צאָל אַבקירצונגען פון װערטער און גאַנצע אויסדרוקען..

אין העברײאיש און אידיש װערען אַזעלכע פאַרקירצונגען באַצײכענט אלס „ראשי תבות". דאָס מײנט ערשטע אותיות פון געװיסע װערטער אלס ערזאַץ פאַר די גאַנצע װערטער, װי למשל אין די פאַרקירצונגען פון צװײ װערטער „„ראשי תבות" אויף „ר"ת" װאו דער ר' װערט גענומען פון „ראשי" און דעם ת' פון „תבות".

אין אונזערע בײדע שפּראַכען װערען אַזעלכע פאַרקירצונגען (אַברעװיאײשאַנס) באַנוצט זײער אָפט און אַ גרויסע צאָל העברײאישע, אַראַמישע, תלמודישע ראשי תבות האָבען זיך אײנגעבירגערט און װערען געברויכט אין אידיש אין אומבאַגרענעצטע צאָהלען.

לײדער איז די דאָזיגע אויסדרוק פאָרעמס ניט קאָנטראָלירט און ס'זײנען ניטאָ קײן באַשטימטע כללים װאו און װען צו באַנוצען זײ, אָהן אַ שום סיסטעם און רעגולאַציע װערען צומאָל בײ אונז געברויכט ר"ת סײ דאָרט װאו זײ פּאַסען זיך יאָ, סײ װאו זײ פּאַסען זיך ניט. דורך דעם איז דער תוך אָדער דער טײטש פון די ר"ת אָפט אומפאַרשטענדליך. אַזעלכע בײשפּילען

באמערקט מען אין סדורים, אַנווייזונגען, טיטלען און ווינשעוואַניעס, וועלכע זיינען צייטענ־ווייז ניט פארשטענדליך, אפילו פאר אינטעלעגענטע לייענער. אַפט ווערען ר"ת טעות'דיג דער־קלערט און אפילו פאַלש אויסג'עטייטשט און דורכדעם מיסרעפּרעזענטירען זיי דעם אינהאַלט און בעדייט פון די באטרעפענדע פארקירצטע ווערטער.

אין סדורים אַ שטייגער געפינט מען אַ ר"ת פון 5 אַלעפען (א.א.א.א.א.) וואָס עס מיינט „אין אומרים אל ארך אפים" אין אַ יומא דפגרא זאָגט מען ניט דעם פזמון.

אין טיטלען און ווינשעוואַניעס פאַר לעבעדיגע, שבחים פאַר טויטע ווערען אָנגעווענדעט אַ צאָל „ה' הידיעה'ס", וועלכע קאָנען באַדייטען לויבונגען ווי „הרב הגאון הצדיק. החשוב", וכדומה. און קאָנען אויך פאַרטייטשט ווערען לגנאי, פאַרטרעטען זידעל ווערטער, טאַדלונגען, ניט קאָמפּלימענטען און כבודים.

עס זיינען דאָ ר"ת פאַר אַן אָדם גדול'ס נאָמען פאַר ג'עזעלשאַפטען, אינסטיטוציעס און ספרים, פון וועלכע עס זיינען באוואוסט ביי אינזערע פאָלקס־מענשען בלויז גאָר די פּאָפּולערע, ווי למשל: רש"י, רמב"ם, ש"ס, א. א. וו. אָבער די גרעסטע צאָל ווייניגער ב'עקאַנטע ראשי תבות איז פאַרן דורכשניטלעכען לייענער שווער אויסצופּלאָנטערען און אַ רייהע ר"ת פון אָרגאַניזאַציעס וואָס זייערע נעמען שטאַמ'ען פון פרעמדע שפּראַכען און די אידישע ר"ת פון דעם איבערגעזעצטען נאָמען זיינען ניט בלויז אומפּאָפּולער נאָר אפילו ניט פּינקטליך.

די אומפארשטענדליכקייטען דארפען ווערען בעלויכטען און אויפגעקלערט, דאס העבריי-אישע דארף איבערגעזעצט ווערען, אין א פשוט'ען, פאלקסטימליכען אידיש, אז דאס זאל קלאר ווערען פארן אידישען לייענער, אז תלמידים פון ישיבות און סתם גמרא לערנער זאלען פארשטיין.

די ראשי תבות וואס ווערען געברויכט ביים באצייכענען געוויסע פירושים, פוסקים, דינים און נאך מער אין הסידישע ספרים, וואו זיי זיינען דא זייער פיעל. אידען עמך. ש"צ, בעלי תפלות, זאלען וויסען די בעדייטונגען פון ראשי תבות ביי אנווייזונגען בנוגע דעם סדר התפלות וכדומה.

די דאזיג'ע אויפגאבע האט זיך געשטעלט דער מחבר פון דער אבוקה זאמלונג, דאס איינגעארדערט לויטן א"ב סדר.

דורך פארשען און שטודירען זיינען אין דעם ווערק געווארען אויפגעקליבען, איינגע-ארדערט טויזענטער באשיידונגען פון ר"ת וועלכע ווערען פארטייטשט און בעלויכטען ווי דער נאמען אבוקה בעדייט: לאמפ, לאמטערנע, פלאם, פאקעל; א ליכט וואס באשטראהלט און אנט-פלעקט פארן לייענער די טונקעלע, פארשטעלטע ,פארשלייערטע, ר"ת, צו ראשי תבות, פארקיר-צונגען צו זייער גאנצקייט, אנדערע שפראכיגע אויסדריקע אין א פשוט'ען אידישען איבערזעצונג.

# אבוקה "ראשי תבות" פאַקעל

•

צו בעלייכטען (ר"ת פאַרקירצונגען) פון ווערטער צו זייערע ערשטע אותיות ווי למשל פון „ראשי תבות צו ר"ת".

געזאַמעלט איינינע טויזענד בעשיידונגען פון אידישע און העברייאישע „ראשי תבות", וואָס זיינען געוואָרען איינגעבירגערט אין אונזער פאָלקס שפראַך, אין דעם מיניאַטור לעקסיקאָן זיינען זיי איינגעאָרדערט מיטן א'-ב' סדר, ערקלערט אין אַ פאָלקסטימליכען אידיש פון אפרים אליהו ב"ר חיים צבי הלוי ריבאק.

מחבר פון ילקוט אליהו וועגען „קדיש", זיין היסטאָרישע ענטשטעהונג, הייליקייט, כונה און תכלית.

אַ פאַרגלייכונגס לוח פאַר 120 יאָהר פון אידישע און וועלט דאַטען. ספר „אמרי אבות" בעהאַנדעלט, ערקלערט אין אַ פאָפולארען אידיש די פילאָזאָפישע עטיקס, היסטאָרישע אײַנפלוסען אויף די תנאים אין פרקי אבות.

בשנת ש'ת'ב'ו'א' גאולה שלימה תש"ט לפ"ק, 709 שיקאַגאָ, איל., אַמעריקא

E. E. RIBACK, 1526 S. ALBANY AV., CHICAGO 23, ILL., U.S.A., 1948

## ר״ת, ראשי תיבות בעדייטונגען, ווערטער פאַרקירצונגען צו אותיות, די העברייאישע ווערטער זיינען איבערזעצט אין אַ פּאָפּולערען אידיש.

**א. אלעף** — ערשטער אות פון א״ב, צאָל ווי איינס, ווייזט אין אידיש קמץ, פּתח.

א.א. — אדוני אבי — מיין האר מיין פאָטער, אלף אחד — 1 טויזענד, אדון אחד — איין האר, אדון אחר — אַ אנדערער האר, אי אפשר — ס׳איז אונמעגליך, אי אפשי — איך וויל ניט, אגב אורחא — פערבייגייענדיג ביים וועג, איש אחד — 1 מענש, אשה אחת — 1 פרוי, אנשים אחרים — אייניגע מענשען, אנו אומרים — מיר זאָגען, אין אומרים — מ׳זאָגט ניט, אמרי אבות — זאָגען פון די עלטערען חבור אויף פּרקי אבות, אסף אפרים — זאמלונג פון אפרים טייל פון אמרי אבות אויף פ״א, ארץ אבות — לאַנד פון די עלטערען, אשת איש — פאַרהייראַטע פרוי, אופן אחד איין וועג, אופן אחר — אַן אנדער וועג, אברהם אבינו — אונזער פאָטער אברהם 1טער פון די אבות, אבא אריכא — סתם רב 1טער פון אמוראים מיט אויטאָריטע, און אַזוי, אידישע ארבעטער.

א.א.א.הר. — אין אומרים אב הרחמים — דעם שבת זאָגט מען ניט די תפלה.

א.א.א.א.א. — אין אומרים אל ארך אפים — אין אַ יומא דפגרא זאָגט מען ניט דעם פזמן אל ארך אפים —ג־ט פאַרלייגגערט דעם צאָרן.

ר׳א.א.ב. — רבי אלעזר איש ברתותא — נאָמען פון אַ תנא.

א.א.ב.א. — אינדעפּענדענט אָרדער ברית אברהם פראַטוירנאַלער אָרדער.

א. א. ל. — אחד אחוז למאה — 1 פראָצענט פון הונדערט.

א.א.א.ל.מ.ל. — אם אין אני לי מי לי — שפרוך פון הלל ווען איך וועל ניט זאָרגען אויפפאַסען פאַר זיך, ווער וועט דאָס טאָן פאַר מיר.
א.א.ד.מר. — איש אחד דגול מרבבה — איינער אַ אויסנאַם פון 10000.
א.א.ס. — אנטיגנוס איש סוכו אַ תנא.
א.ב.א. — אי בעית אימא — אַז מען וויל קאָן מען זאָגען.
א.ב. — אלעף בית — דער אידישער אלפא־בעט.
א.ב. — אתה בחרתנו — אידען זיינען אויסערוועלט צו טאָן מצות.
א.ב.א. — אלישע בן אבויה (אחר) אַ תנא וואָס איז געוואָרען אַ כופר.
א.ב.ג. — אברהם בער גאָטלאָבער — בעוואוסטער העברייאישער סופר.
ר׳א.ב.ד. — רבי אברהם בן דוד, גאון ופוסק.
א.ב.ד. — אב בית דין — פאָטער פון געריכט הויז.
א.א.י.ו.תח.ט.ומ. — אין אומרים יעלה ויבוא, תחנון, טל ומטר, — מ׳זאָגט ניט אין די טעג די בעזונדערע תפלות
ר.א.ב.ה. — רבי אליעזר בן הורקנוס (הגדול) אַ תנא.
ר.א.ב.ח. — רבי אלעזר בן חסמא (החסמא). אלעזר בן יעקב תנאים.
ר׳א.ב.מ.א.ע. — רבינו אברהם בן מאיר אבן עזרא — פילאָזאָף, מפרש.
אבט. — אבטליון, פון זוג שמעיה ואבטליון, אַ תנא.
ר׳א.ב.ע. — רבי אלעזר בן ערך. רבי אלעזר בן עזריה, תנאים.
ר׳א׳ב.ש. — רבי אלעזר בן שמוע, תנא.
ר׳א.ה. — רבי אלעזר המודעי, ר׳ אלעזר הקפר תנאים.
א.ג. — אדם גדול — אַ גרויסער מענש. אין גומרין — מ׳ענדיגט ניט. אידישער גלות, אידישע גליקען, אידישע גוים, אידעלע גיי — געטריבען פון לאַנד צו לאַנד. — שפרוך.

א.ד.ג. — און דאָס גלייכען. אָבער די גבירים. אידישע דורות גאונים, אין דער גמרא, אויף די געפּאַרען.
א.ד.ל. — איידי דאתינן להכי — ווייל מיר זיינען געקומען צו דעם.
א.ד.מ. — אברהם דוב מיכאַלישקער (אדם הכהן) משורר מדקדק.
א.ד.נ. — אבות דרבי נתן — פון די מסכתות קטנות וועגען עטיקס.
אד.מ.ו. — אדונינו מורנו ורבינו — אונזער האַר לערער און רבי.
א.ה. — אנא השם — מיר בעטען גאָטס נאָמען, אָדם הקדמון — פּרימיטיווער מענש, אדם הראשון ערש־
א.ה. טער מענש, אומות העולם — פעלקער פון דער וועלט, אי הכי — אויב אַזוי, אפילו הכי — פונ־ דעסטוועגען דאָך, אבן העזר — טייל פון שולחן ערוך וועגען עניני אישות.
א.ו. — אדם וחוה — די ערשטע פּאָר, אברהם ושרה — 1טע אידישע פּאָר.
א.ז. — איש זקן—אַלטער מאַן, אב זקן—אַלטער פּאָטער,אשה זקנה—אַן אַלטע פרוי.אבי זקני,אמי זקני, זיידע באָבע, אשה זונה — אויסגעלאַסענע פרוי אָדער שפּייזערין, אומרים זכור — פּסוקים וואָס פאַנגען זיך אָן מיט זכור האָט מען צוגעגעבען צום זאָגען נאָך תפלת שחרית, אומרים זכרנו — אום יה״נ זאָגט מען די תפלה זכרנו אין שמ״ע און אין אַ צאָל אבינו מלכנו.
א.ז.ל. — אבותינו זכרם לברכה — געשטאָרבענע עלטערען.
א.ז.ח.וד׳. — ארץ זבת חלב ודבש — א״י די לאַנד וואָס ס׳פליסט מילך און האָניג.
א.ח. — איש חכם, חסיד, השוב — אַ קלוגער, פרומער, געשעצטער מאַן, איש חיל מיליטערישער מאַן, חלוץ — פּיאָניער, איש הולה — קראַנקער מענש, אב הורג אם הורגת — שטיף־פּאָטער־מוטער, אח־אחות הורגים — שטיף ברידער, שטיף שוועסטער, אשת חיל — אַ פרוי אַ בריה, אין משלי.
אח.ב.י. — אחינו בני ישראל — אונזערע ברידער אידישע קינדער.
אח.אח.ח. — אחרון אחרון חביב — שפּעטער דערמאָנטער איז ליבער.
א.ט. — אבן טוב — עדעל שטיין, דימענט, איש טוב גוטער מענש, אומן טוב — קינסטלער, אורח טבעי

— אַ נאַטירלעכער שטייגער, איש טהור — טמא — אַ ריינער, אַ אומריינער מענש, אַ טעלעפאָן, אַ טעלעגראַם, אַ טעריטאָריע.

אי.וו.א. — (ייוואָ) אידישער וויסענשאַפטליכער אינסטיטוט, פאַר קולטורעלע אויפגאַבען געגרינדעט אין ווילנא, איצט אין ניו יאָרק.

אי.ט.א. — אידישע טעלעגראַפען אַגענטור, בעדינונג צו דער פּרעסע.

אי.ט.א. — אידישע טעריטאָריאַליסטישע אָרגאַניזאַציע אויסער א״י.

אי.ר.א. — אינטערנאַציאָנאַלע רעפיודזשי פּליטים אָרגאַניזאַציע.

אי.ס.ק.רא. —אַ פונק אין רוסיש ר״ת ניט פינקטליך, נעמט זיך פון רוסישע אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטעט סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַל.

אי.ק.א. — אידישע קאָלאָניאַל אַסאָסיאַשאָן באַראָן הירשם פאָנד.

אי.סו.ף. — אידישער קולטור פאַרבאַנד, פיקא,—פאַלעס„ קאָל„ אָרגאַני„.

א.י. — ארץ ישראל — אידישע לאַנד, אגודת ישראל — אָרטאָדאָקסישע וועלט אָרגאַניזאַציע, אינו יכול — ער קאָן ניט — טאָר ניט. איש ירא אל־ם — אַ ג־טס־פאָרכטיגער מענש, איש יהודי — אַ איד.

א.י.א.ב. —אם יהיה אל־ם בעזרי — אז ג־ט וועט מיר באַהילפיג זיין.

א.י.ה. — אם ירצה השם — ווען ג־ט וועט וועלען (אימירצעשעם).

א.י.מ. — אָז ישיר משה — דאַמאָלס נאָכן קי״ם האָט משה געזונגען.

א.וו.א. — אידישע וועלפער אָרגאַניזאַציע, אַלגעמיינע צדקה.

א.י.א. — (א.א.א.) אַרגענטינער יידישע, אידישע אָרגאַניזאַציע בעוואוסטע חברה.

א.כ. — אם כן —ווען אזוי, אהרי־כן־כך — דערנאָך שפּעטער, אות כבוד— עהרע צייכען מעדאַל קאָקאַרדע שליפעס.

א.כ.י.ר. — אמן כן יהי רצון — אמן אזוי זאָל זיין ג־טס ווילען.
א.כ.הג'. — אנשי כנסת הגדולה, די פון דער גרויסער פערזאַמלונג, נאָכן אומקערען זיך פון בבל, פיעל אויפ־גערטאָן פאַרן קיום היהדות.
אל.הנ.כ. — אליהו הנביא כוס, טראַדיציאָנעל ביי די סדרים.
א.ל. —אמר לו, להו, לי — ער האָט געזאָגט צו אים, צו זיי, צו מיר.
א.ל.ה. —אם לא הכי כן — ווען ס'איז ניט אזוי, אייב אַנדערש.
א.ל. — אידישער לעבען. אידיש לאַנד, אין לאַנד, אויס לאַנד.
א.ל.ע.א. — אם לא עכשיו אימתי — ווען ניט איצט, ווען דען?
א.מ. — אבינו מלכנו — פזמון, ארין מצרים, איזהו מקומן — משנה.
א.מ.ה.ל. — או מה היה לנו קינה, — ווי וואָס ס'האָט אונז געשעהן.
א.מ.הע. — אל־נו מלך העולם — אונזער ג־ט קעניג פון דער וועלט.
א.מ.הח. — אבר מן החי — א גליד אָדער פלייש פון א לעבעדיגע זאַך.
א.מ.נ — אל מלך נאמן — ג־ט דער באַגלייבטער קעניג, פזמון, ר״ת אמן.
א.מ.ר. — אל מלך רחמים — ג־ט דער גנ'עדיגער קעניג, סליחה.
א.מ. — אַלעקסאַנדער מוקדון — בעוואוסטער מעכטיגער קעניג.
א.מ.א. — אחד מני אלף — א זעלטענער אויסערוועלטער פון טויזענד.
אמ.פאל.ק. — אמעריקען פאַלעסטין קאָאָפעראַציע.
א.נ. — אי נמי — אָדער אויך, אָדון נכבד — געשעצטער האַר.
א.נ. — איש נאמן — באַגלויבטער מענש. איש נדיב — פילאַנטראָפ, איש נזוף — איינער אין חרם, און נאָך, א נישט, אונזער נוסח.
א.נ.פ. — אידישער נאַציאָנאַל פאָנד — קרן קימת לישראל.

א.נ.א.פ. — אידישער נאַציאָנאַלער ארבייטער פערבאַנד.

א.א.ק. — אַמעריקאַן אידישע קאָאָפּעריישאָן האנדעלס געזעלשאַפט צווישען אמעריקא און ישראל.

אנ.של. — אנשי שלומינו — די וואָס געהערן צו אונזער חסידישער חברה.

א.ס. — אין סכנה. אַ ספק, אידישע סביבה, אידישע סוחרים, אונזער סגנון, אום סוכות, אין סוכה, אַ סתירה, אמן סלה, אידישע סנהדרין, אַ סימן, אַ סברה — אַ מיינונג, אַ סיום — ווען מ'ענדיגט אַ לימוד, אויפן סיני, אָהן סכנה.

א.ע.ג. — אף על גב, אף על פי — כאָטש דאָך, פונדעסטוועגען.

א.ע. — אויף עולמות — אַ אינדאָימענט פאַר צדקה, אַ עדות, אַ עבירה — אַ עיקר.

א.מ.כ. — אפּיקורוס, מין, כופר — אַטעאיסט, סקעפּטיקער, אומגלויביגער.

א.פ.א.ל. — אַמעריקאַן פעדערײשאָן אָוו לייבאָר — ארבייטער יוניאָנס.

א.פ.א. — אידישער פאָלקס אינסטיטוט — דזשיי. פּי. איי., פרייזען געזעטצען.

אפ.מ. — איפכא מסתברא — ס'ווייזט אוים קאַפּויער. איפכא מסתבראניק — איינער וואָס זאָגט אנדערש ווי אַלע — משה קאַפּויער.

א.צ.ל. — אין צריך לומר — מ'דאַרף ניט זאָגען, אנו צריכים לדעת — מיר דאַרפען וויסען, אנו צריכים לומר — מ'דאַרף זאָגען.

א.צ. — אפס צדיק — ניטאָ קיין צדיק, אין צדיק בארץ אשר יעשה טוב — ניטאָ אַ צדיק וואָס טוט נאָר גוטעס און ער זינדיגט ניט קיינמאָל.

א.צ.ל. — אירגון צבאי לאומי — פּעראַייביגטע נאַציאָנאַלע אידישע מיליטערישע אָרגאַניזאַציע אין א"י, עקסטרעמיסטען.

א.צ. — אלי ציון — קלאָג ציון — קנות אויפן חורבן פון ריה"ל.

אקראסטיך — (ניט א ר"ת) נאָר דער נאָמען פון מחבר איז איינגעוועבט בראשי ההרוזים, אָדער די ראשי תבות פון פּערפאַסערס נאָמען.

א.ק.וא.ק. — אין קול ואין קשב — ניט קיין שטימע קיין פערנעמונג.

א.ק.וט. — איש קדוש וטהור — א הייליגער ריינער מענש.

א.ק.צ.פ. — אונטער קאָלעגיאָן — ציוניסטישע פעדעראַציע.

א.ק. — אמר קרא — ס'זאָגט דער פסוק, אלא קשה — נור ס'איז שווער.

א.ר. — אמר רבי — ס'האָט געזאָגט רבי, אמרו רבותינו — ס'האָבען געזאָגט די רבנים, ארבייטער רינג, אנו רוצים — מיר ווילען, אנו רצים — מיר לויפען, אמר רחמנא — ס'זאָגט די תורה. אל רחום — ג־ט פון גנאָד, ארץ רחוקה — א ווייטע לאַנד.

ר'אש. — רבינו אשר — מפרש פוסק, אבא שאול — תנא.

א.ש. — אתי שפיר — ס'קומט אוים גוט, עס שטימט, אידישע שפּראַכען, אדר שני — 2טער אדר אין א עיבור, פאַמיליע נאָמען פערקירצט פון אייזענשטאַדט אין אונגאַרען.

אשל — א בוים וואָס א"א האָט פאַרפלאַנצט ביי זיין טיר — וואָס מיינט אכילה, שתיה, לויה — עסען טרינקען, באַגלייטען וואָס אברהם האָט געגעבען צו אורחים.

א.ת. — אם תאמר — אייב דו וועסט זאָגען? אם תמא — אייב דו וועסט זיך וואונדערען? אל תקרא — זאָלסט ניט לייענען. אל תאמר — זאָלסט ניט זאָגען.

א.ת.ל. — אם תמצא לומר, — ווען דו וועסט געפינען צו זאָגען .

א.ת.ו.י.א. — איש תם וישר יושב אוהלים — א בעשיידענער מענש זיצט אין די תורה געצעלטען.

א.ת.כ. — אל תען כסיל — ענטפער ניט א נאַר איגנאָריר אים.

**ב. בייח** — 2טער אות פון א״ב, צאָל צוויי ווייזט; אין — מיט ב,ב.

ב.א. בר אורין — אַ מענש מיט בילדונג, האָט ידיעות, בן אדם — מענשען קינד, בני אל־ם געטליכע קינדער מלאכים, בית אסורים — טורמע, בית אל — ג־טליכע הויז שול, בן אחי — ברודערס זון, בן אחותי — שוועסטערס זון, בת אחי — ברודערס טאָכטער, בת אחותי — שוועסטערס טאָכ־טער — די העברייאישע באַצייכענונג פאַר פלימעניקעס, נעפיוס, ניסעס, בן אחי אבי, אחי אמי, אחות אבי, אחות אמי, בת אחי אבי, אחות אבי, אחות אמי, — שוועסטער קינדער, קאָזינס, פאַר גליד־שוועסטער קינדער אוו. ראשון בשני, בישלישי א״וו. ביאור אליהו — טייל פון הבור אמרי אבות אויף פרק ב׳.

ב.א.לח. — בין אדם לחבירו — אָנגעלעגעהייטען צווישען מענשען און מענשען.

ב.א.למ. — בין אדם למקום — האנדלונגען צווישען מענש און ג־ט.

ב.א.ה. — ברוך אתה ה׳ — געבענטשט ביזטו ג־ט אָנפאַנג פון ברכות.

בכ.א. — בכל אופן — אין יעדען פאַל ,אויף אַלע וועגען.

ב.ב. — באין ברירה — ס׳איז ניטאָ קיין אויסוואַל, מ׳מוז טאָן, בן בית — היימישער שטוב מענש, בעל בית — באַלעבאָס, ווירט, בן ברית, אַ איד, בני ברית — אידען, נאָמען פון אַן אָרדער, בני בתירא — תנאים משפחה, בבא בתרא — לעצטער טייל פון דריי גמרא׳ס באַצייכענט מיטן ביי־נאָמען „בבא״, בשר בחלב — דינים פון אָבזונדערען פליישיגס מיט מילכיגס.

ב.ב. — בן בנו, בן בתו, בת בנו, בת בתו, — אייניקלאַך, במהרה בימינו — אין גיכען, אין אונזערע טעג.

ב.ב.ב. בבא בן בוטא, בן בג־בג תנאים, במדינת בבל.

ב.ב.ר. בר בי רב — אַ יונגער לערנער, תלמיד ביי אַ רבי.

ב.ג. — בן גילו, בת גילו, בן גילה ,בת גילה — געבאָרענע אין דער זעלבער צייט; זיין, איהר באַשערטען,

חתן־כלה, בעל גאוה — גרויסהאַלטער, בעל גוזמא — איבערטרייבער, בור גמור — אומוויסענדער, בורים גמורים — גאָר פּראָסטע, בגימטריה — אותיות צאָל ווערטער באַטרעף, קבלה עניניס.

ב.ד. — בית דין — געריכטס ווּעזען, בעל דבר — דער פּערזאָן, בעל דרשן — רעדנער מגיד, בעל דין — מאָנער צום געריכט, בר דעת — א פאַרשטענדיגער, בכמה דוכתין — אין פיל ערטער, בור דאוריתא, בור דרבנן, א טאַדלונג געגען איינעם וואָס קאָן ניט קיין תנ״ך, אָדער תלמוד.

ב.ד.א. — במה דברים אמורים — ווען איז דאָס גערעדט? צו־מיט־פאַר וואָס ווערען די ווערטער געזאָגט.

ב.ה.ב. — שני חמישי שני — מאָנטאָג און דאָנערשטאָג, ווען מען פאַסט.

ב.הו׳.וב׳.ש. — ברוך הוא וברוך שמו — געבענטשט איז ער, געבענטשט איז זיין נאָמען, אויסרוף ביי תפלות. פאַרן בענטשען.

ב.ה. — ברוך הבא — געבענשט זאָל זיין דער אריינקומער, א ווילקאָמען אויסרוף — דאַנגען ווען מ„זידעלט איינעם אָפּ,—ברוך השם—ג־ט געבענשט, בעזרת השב—מיט ג־טס הילף, בית הלל — די אַקאַדעמיע פון תנא הלל, ברכות הנהנין—ברכות וואָס מ׳דאַרף מאַכען פאַרן געניסען, ברכות המזון — דער סדר צו בענטשען נאָכן עסן, בלע המות לנצח —א וואונש ס׳זאָל אויפהערען דער שטאַרבען, בין המצרים—די 3 וואָכען טרויער טעג, פון י״ז תמוז ביז ט׳ אב, בית הלימוד הגבוה—הויך שוהלע אוניוורסיטעט, בית הדואר — פּאָסט אָפיס, בית המשפט — געריכטס־הויז, בית הדפוס — דרוקעריי, בית הכנסת פערזאַמלונגס הויז, שוהל, בית המדרש — הויז צום לער־נען, בית הכבוד — עהרען הויז, בית הכסא — שטול הויז — פאַרשטעלטע נעמען, באַר אָרט צו באַפרידיגען נאַטירליכע באַדערפעניש, בית המרחץ — וואַשהויז באָד, באותו הדבור — גלייך ביים וואָרט, בית המקדש א־ב — דער ערשטער און דער צווייטער בית המקדש, בזה הלשון — מיט דער אויסשפּראַך, דער אויסדרוק, בין הזמנים—צווישען סיזאָנען, בין השמשות—אהוענט די־מערונג שטונדע, בעל התניא — ר׳ שניאור זלמן מלאדי, גרינדער פון דער שיטה חב״ד חסידים,

חכמה בינה דעה, בזמן הזה—אין היינטיגער צייט, בית עלמין, בית הקברות—בית החרושת—פאַבריק, בדבור המתחיל—דער אָנפאַנג וואָרט, בעונותינו הרבים—צוליב אונזערע זינד.

ב.וד. — בשר ודם — פלייש און בלוט, שוואַכער מענש.

ב.ומ. —בטל ומבוטל — אויפגעגעבען געוואָרען צו גאָר נישט.

ב.וח. — בית וחצר — א שטוב מיט א הויף, בריות ווייבער.

ב.ז. — בן זומא — א תנא, בן זכר — א אינגעל, בן זקונים — א קינד געבאָרען צו דער עלטער, בלשון זכר — ער מין טערמין, בעל זכות — א פריוויליגירטער. בן זונה — א ממזר.

ב.ח. — בעל חזקה — האָבען רעכט, בעל חלומות — א טרוימער, בן־בת הורגים — שטיף־קינדער.

ב.ח. — בעל חוב — א שולדיגער, בעל חשבון — רעכען מייסטער, בן חורין — א פרייער מענש, ברית חדשה — נייער טעסטאַמענט, בעלי חיים — לעבעדיגע באַשעפענישען, בן חכם — א קלוגער זון, בנות חן — רייצענדע טעכטער, בן חיל — העלד, סאָלדאַט, בשבועות חרם — ווערט באַשווערט מיט שטריינגקייט פון חרם, בעל הטא — א זינדיגער, בעל הזיון — פאַנטאַזיאָר, בעל מהלוקות — א קריגער, בר פלוגתא — געדאַנקען נעגנער, בעל המס — רויבער, בעל הנון — א גנאַדיגער.

ב.ט.ע. — בעל טביעת עין — א שאַרפען בליק גלייך צו דערקענען.

ב.ט. — בעל טבילה, בעלת טבילה — דאַרפען גיין טבילה אין מקוה.

ב.ט. — בעל טענה — אַרגומענטירער, בעל טאַקסא — צינזען מאָנער, בדרך טבעי — א נאַטירליכען וועג, בלי טרהה — אָהן מיה, בית טרקלין — א פאַלאַץ הויז, במזג טוב — מיט פריינדליכקייט, בנותן טעם — גיט א מיינונג.

ב.י. — בן יחיד — איינציגער זון, בת יחידה — איינציגע טאָכטער, בית ישראל — אידישע הויז, בני ישראל — אידישע קינדער.

ב.י.ל.ו. — בית יעקב לכו ונלכה — הויזגעזינט פון יעקב גייט און מיר וועלן גיין, מיט דעם סלאָגאַן האָט זיך געגרינדעט די אינטעליגענטע יוגענד מיטן נאַציאָנאַלען גייסט פאַר ציון.

ב.י. — בן יהודה — דער בעגרינדער און בענייער אויפצולעבען די העברייאישע שפּראַך, צום רעדען. מיט איהר.

בכ.ג. —בכבוד גדול — מיט גרויס'ע ערע.

ב.כ. — בר כוכבא — זון פון די שטערען. בר כוזיבא — אַ ליגנ'ער, בר דרומא — דער פון דרום — אי־דישער רעוואָלוציאָנער געגען רום, בן כרך — גרויס־שטאָטיגער, בן כפר — דאָרפישער.

ב.מ. —בלי מסקנא—ניט אויספירליך, בלי נדר—אָהן פערפליכטונג, בכל מקום—איבעראַל.

ב.ס.נ. — בלשון סגי נהור — אין קאָנטראַסט פון וואָרטליכען אויסטייטש ווערט געזאָגט אויף אַ בלינדען „דער ליכטיג זעהער".

בל.ע.ז. — בלשון 'עם זר — אויף אַ פרעמדער שפּראַך, אין רש"י פאַר פראַנצויזיש.

ב.מ.ומ. — בין מנחה ומעריב — אָנפאַנג אָוו'ענט צווישען מנחה און מעריב.

ב.ע.וב.ש. — בכל עת ובכל שעה — צו יעדער צייט סיזאָן און שעה.

ב.מ. — ברית מילה, בר מצוה, בעל מלאכה, בר מינן — טויטער, בעל מנגן — מוזיקאַלישער, בעל מופת — וואונדער מאַן, בעל מאמין, — אַ גלויביג'ער, בעל מחבר — פערפאַסער, בעל מגיה — איבער־זעער. בעל מקרא. משנה — ווייסער פון תנ"ך, משניות, בעל מום — קאַליקע, במה מדליקין משנה שבת פ"ב, במה מצינו — מיט וואָס געפינען מיר, בבא מציעה — מיטעלע פון די בבא מסכתות, בורא מיני מזונות — ברכה, בני משה — משה'ס קינדער — פערוואָרפ'ענע אידען ביים טייך סאַמ־באַטיון, בית מרזח — טרינק הויז קרעטשמע, ברכת מזון — בענטשן, בית מושב זקנים — אַלטען־הויז בית מחסה ליתומים — קינדער אָרפאַן היים.

במ.ד.א. —במה דברים אמורים— ווען איז דאָס גערעדט געוואָרען.

| | |
|---|---|
| במ.כ.ת. | — במחילת כבוד תורתו — ער זאָל מיר מוחל זיין מיט זיין כבוד. |
| ב.נ. | — בעל נצחון — זיגער, בעל נסמה — ראכע נעמער, בן נח — א גוי, א קארגער, בן נכר — א פרעמדער, בעל נס — א וואונדער מאַן. |
| בנ.ש.ק. | — בנן של קדושים — זין פון הייליגע, אָבשטאמער פון צדיקים. |
| בס.ט.ובמ.ט. | — בסימן טוב ובמזל טוב — מיט א גוטען צייכען גליק. |
| ב.ס. | —בן סירא ספר, בלי ספק—אָן צווייפעל, בר סמכא—פארטרויאונגווערטער. |
| ב.ע. | —בית עקד ספרים—ביבליאָטעק, בית עלמין—א באגראָבונגס אָרט. |
| בע.הב.־הז. | — בעולם הבא — אויף יענער וועלט, בעולם הזה — די וועלט. |
| ב.ע.הח. | — באתי על החתום — איך בין געקומען מיט מיין אונטערשריפט. |
| בע.ט. | — בעברי טייטש — אידיש טייטשעשע שפראך. |
| ב.כ.י.א. | — בעל כרחו יענה אמן — געצוואונגען איינצושטימען. |
| בע.ש.ט. | — בעל שם טוב — דער מיט א גוטען נאָמען, סתם ר׳ ישראל. |
| בע״מ | — בערבון מוגבל באגרעניצטע פערזיכערונג. |
| בע.הק.יר.ת.ות.ב.ב.א. | —בעיר הקודש ירושלים תבנה ותכונן במהרה בימינו אמן—די הייליגע שטאָט ירושלים זי זאָל ווערען אויפגעבויעט און באפעסטיגט אין גיכען אין אונזערע טעג אמן. |
| בע.ת. | — בעל תשובה — אומקערער צו ג־ט, ווערט פרום. |
| ב.פ.כ. | — בלי פקפוק כלל — גאָר אָהן א אויסרייד מעדליוועון. |
| ב.פ.הע. | — בורא פרי העץ — בעשאפט פרוכטען אויף בוימער ברכה. |
| ב.פ. הג׳ | — בורא פרי הגפן — בעשאפט טרויבען ברכה אויף ווין. |
| ב.פ.הא׳ | — בורא פרי האדמה — בעשאפט ערד פרוכט, ברכה אויף גרינסען. |
| בפ.עצ. | — בפני עצמו — פאר זיך אָבגעזונדערט. |

ב.צ.ויר. — ברכת ציון וירושלים — בענטשוג פון ציון און ירושלים.

בצ.ממ.בצ.מיר. — בצאתי ממצרים, בצאתי מירושלים — ארויסגיין פון מצרים די גאולה — ארויסגיין פון ירושלים דער חורבן.

ב.פ. — בושת פנים — א שעמעדיגער, שטאַנדהאפטיגער.

ב. ק. — בת קול — הימלישע שטימע, בבא קמא — 1טע פון די בבא׳ס, בעל קורא — א לייענער אין ספר, בקול קורא — מיט א אויסרוף, בקהלה קדושה — הייליגע געמיינדע, בעל קרי — מענער שוואכקייט, בקצת קהלות—אנדערש אין וועלכע געמיינדעס.

ב.ר.ב.ש. — בית ראשון ——1טער ביהמ״ק, בית שני — 2טער בית המקדש.

ב.ר. — בראשית רבה — מדרש אויפן ספר בראשית און מדרשים אויף ווייטערדיגעס אין תנ״ך.

ב.מ.ר.א. בר מר רב אשי — איינער פון די לעצטע אמוראים, אָפּשפּעטונג פאַר איינעם וואָס האלט זיך און איז ניט קיין למדן.

ב.ש. — בית שמי — די ישיבה פון שמי, בן ששים, בן שבעים, בן שמונים (60־70־80יאָר אַלט) בריך שמה — א תפלה בשעת הוצאת התורה, ברוך שפינאָזא פילאָזאָף.

ב.ש.כ.מ. — ברוך שם כבוד מלכותו — א ברכה אָהן א שם הויה.

בש.ט. — בשורה טובה א גוטער אָנזאָג.

ב.ת. — בן תורה — א לערנער, בעל תקוע — שופר בלאָזער, בעל תפלה — א דאַוונער פאַרן עמוד שליח צבור.

ב.ת.צ. — בתענית צבור — אין א געבאָטענעם תענית.

בת.ובמ. — בתורה ומצות, ובמעשים טובים ובמדות — בתורה וביראה — מעלות אויף לומדים, ווינשען פאַר קינדער.

ג. גימעל — דריטער אות פון א״ב, צאָהל 3.

ג־ט — מ'שרייבט אָהן דעם אלעף אינמיטען ניט צו זאָגען א שם.

ג.א. — ג' אלפים (3000 טויזענד,) גירסא אחרינא — א אנדער ווערסיע, גלות אדום — באצייכענט דעם 2טען חורבן דורך רום.

גב.ע. גבית עדות — אויסהערן נאָכפאָרשן צייגניסען.

ג.ב — גדול בישראל — א גרויסער מענש ביי אידען.

ג.ב. —גמרת בן — נאָמען פון פירוש אויף אבות פרק ג' דעם זונס לערע אויף פרקי אבות.

ג.ג. — גוים גמורים — אין גאנצען פערגויישט, געוואלד געשריען, גנבים גזלנים גרויסע גבירים, גרוי־סע גבורים.

ג.די. —גירסא דינקותא — וואָס מ'לערענט אין דער יוגענד, גזר דין — אורטייל ,גמר דין — פסק גדול דעה — גרויס ווויסען.

ר'ג.הנ. — רבן גמליאל הנשיא, גמליאל בנו של רי״ה תנאים. גיד הנשא — טריפה אונטער טייל, גבאי הקהלה — פאָרשטייער.

ג.ז.ל. — גם זו לטובה — אויך אזוי איז גוט, שטענדיג צופרידען.

ג.ח.ט. גמר חתימה טובה — גוטע חתימה ווינשעווען יום כפור, הור״.

ג.ח. — גמילות חסדים — וואהלטעטיקייט, אנטלייען אָהן פראָצענט.

ג.ח.ש.א. — גמילות חסד של אמת — אמת'ער גענאדען, מתעסק זיין ביי א לויה.

ג.ח — גרויסע חתונה, געבען חליצה, גרויסער חזיר.

ג.ט. — גוטער טעם, גרויסער טעות, געהייבענער טעזים, גדולס טיפזיניקייט, געבראָטענ'ע טייבעלאך.

גט.פ. — גט פטורין — מאן און פרוים שיידונג דאָקומענט.

ג.י. — גרויסער ים־הגדול, מיטללענדישער מעער, גרויסע יסורים, געבליבענע ירושה, גוטער איד רבי.

ג.כ. — גם כן כך — אויך אזוי, דאָך אפילו, דאַרום, געבען כבוד, גאָלדענע כלים, געמאַכט כשר, ג־טס כבוד, געבענטשטע כשרונות, געגעבענע כללים.

ג.ל. — גאָלדענע לוחות, גרויסער למדן, גאָר ליכטיג.

ר"ג.מ.הג. — רבינו גרשון מאור הגולה — באַטיטולט די ליכט פון גלות געמאַכט תקנות געגען פיעל ווייבער, עפענען בריעף און נאָך.

ג.מ. — גרויסע מתנה, מליצה, מלוכה, מפלה, משפחה, מוסר, מסכת, מגילה, מסירת נפש, מעלות. מכות, מלחמה.

ג.ס. — גירוש ספרד — ארויסגעטריבען די אידען פון שפאַניע, געבען סמיכה. א סברה, געשריבען ספרים, גרויסער ספק, סבלן, סכנה, סתירה, סדר, גוטע סוכה.

געגעזים — (ניט אַ ר"ת) לעטייניישער נאָמער פון ספר בראשית.

ג.ע. — גן עדן, גאון עולם, גליל עליון — אויבער גליל צפון ארץ ישראל, גאולה עולמית — וועלטליכע אייביגע ערלייזונג, גליון עתי — צייטונגס בלאַט, גילוי עריות — אויסגעלאַסענקייט.

ג.פ. — גלית פלישתי — דער ריעז וועמען דוד האָט געטוידט, ג' פעמים — דריי מאָל, ג' פרשות — 3 פרשות צו ליינען, גמרא פוסקים — גראַדען אין לומדות, געבען פדיון, גענוג פלוידערייען, גאַנץ פאַמעלאַך, גראָבע פויערים.

ג.צ. — גר צדק — דער וואָס איז זיך מגייר פון איבערצייגונג, גבאי צדקה — אויפזעהער טוער אין צדקה ענינים, גזבר צבורי — קאַסירער אין א געזעלשאַפטליכע חברה.

ג.ק. — געגעבען קדושין, געראָטענע קינדער, גלות קעטהען, גאָלדענע קאַלב — מעשה העגל, צונאָמען פאַר ניט פיינעם גביר, גזירות קשות — שטרייננגע הארבע גזעצען געגען אידען, געקליבענע קאָ־מיטע, געוואָרפען קאַרטען געגעבען קמיע.

ג.ר. — ג' רגלים — יו"ט פסח, שבועות, סוכות, גרויסער רב, רחמנות, גלייכע רעכטע.

ג.ש.ק. — גזע של קודש — וואָרצעל אָבשטאַם פון היילינגע.

ג.ש. — גזירה שוה — צוגלייכונג, איינע פון די מדות אין לערנען, גוטער שרייבער, געפערליכע שונאים, גיפטיגע שלאַנגען, געהייבענע שטימונג, גלות שכינה — גייסטיגער פאַרטרייבען, גלוי שכינה — אנטפּלעקונג פון דער שכינה בעגייסטערונג.

ג.ת. — געלערענט תורה, געלייגט תפלין, געזאָגט תהלים געשריבען תנאים, געפאַסט תענתים, גוטע תלמידים, געמאַכט תמ'עוואַטע, ווי אומשולדיג, געראָטענע תבואה, געהייבענער תכלית, גר תושב — איינגעבירגערטער איינגעוואַנדערטער, געלערנט תלמוד, געמאַכט תקנות, גרויסער תקיף, גענומען תשובה, גרויסער תכשיט, גענייט תכריכין, גרויסע תביעות, געבען תרומה, גע־בלאָזען תקיעה.

ג.ת"ח. — גזירת ת"ח — רציחות אויף אידען פון כמעלניצקי .

ד. דלת — 4טער אות אין א"ב,צאָל 4, ווייזט אָן — דען־עס־ס'ווערט.
ד.א.ש.ה. — ד' אמות של הלכה, 4 איילען פון דין — איינער וואָס גיט זיך אָב נאָר מיט לערנען.
ד.א. — דרך ארץ — רעספעקט, וועלטליך, א באַשעפטיגונג, פּראָפעסיע.
ד.א.י.א. — אַ פּאָפּולארע אידישע געזעלשאַפט אין ארגענטינא.
ד.א.ל.ת.ה. — דאם לא תאמר הכי — ווארום אייב איר וועט ניט זאָגען אזוי.
ד.א. — דבר אמת — די ווארהייט, דבר אחר — אַ אַנדער זאַך — זידעל וואָרט אַ מענש אַ חזיר.
ר'ד.ב.ה. — רבי דוסא בן הרכינס, ר' דוסתאי בר ינאי נעמען פון תנאים.
ד.ב. — דברים בטלים — פוסטע רייד, דרך בזיון — שענדליכען ווע:.
ד.ג. — דאָס גלייכען, דורך גאַנג, דער גוי, גלות, גביר ,גנב.
ד.ד.וד. דור דור ודורשיו — יעדער דור און זיינע פאָרשער, נאָמען פון ספר.
ד.ד.ד. — דינא דמלכותא דינא — לאַנדס געזעצען זאָל מען האַלטען.
ד.ה.ד.מ. — דאָס הייסט, דאָס מיינט, דאָס מאַכט, דאָס מוז מען.
ד.ה. — דור המבול, דור הפלגה, דוד המלך, דברי הימים — היסטאָריע כראָניק, דברי הכל — אַלע האַלטען, דברי הבאי — איבערטרייבונגען, דוחק השעה אומגעדולדיג, דריסת הרגל דורכגאַנג, דברי הבלים — נארישקייטען.
ד.ה.מ.הל. — דברים היוצאים מן הלב — ווערטער וואָס קומען פון הארצען.
ד.וד. —דין ודברים — ארגומענטן, דעת ודת — וויסען און אמונה, דין וחשבון — אָב־עכענען גע־זעצליך, רעפּאָרטען.
ד.ז. — דבר זה — די זאך, דאָס זעלבע.
דזוויענט — (ניט ר"ת) פעראייניגטע אידישע גרויסע צדקות.
ד.ח.ב.בש. — דברי הכמים בנהת נשמעים — קלוגע רייד הערט מען געלאַסען, זאָל מען זאָגען געלאַסען.

ד.ח.מ.ועז. — דניאל, חנניה, משאל ועזריה — אידישע נביאים מאַרטירער אין בבל.
ד.ל. — דהיינו למשל — צום ביישפּיל, דער לשון די ליבע ליכטיגע.
ד.מ.ד.נ. — דיני ממונות געלד דינים, דיני נפשות — קרימינאַלע דינים.
ד.ע.ד.פּ. — — דף, עמוד — אָנווייזונגען, דיספּלייכד פּיפּעל — וואָגלער.
דעטערנאמי — (ניט ר״ת — לעטייגישער נאָמען פאַר ספר דברים.
ד.צ.ח.מ. — דומם צמות, חי, מדבר — 4 וועלט עלעמענטען, מינעראַלען, וואַקסונגען, לעבעדיגע באַשעפעניש, חער מענש, רעדער.
ד.צ.כ. ע.ד.ש. ב.א.ח.ב. — סימנים פון די מכות: דם צפרדע כנים ערוב דבר שחין ברד ארבה הושך בכורות.
ד.ק. — דמי קדימה — האַנד געלד, דברי קדושה — הייליגע זאַכען.
ד.ש. — דין שמים — הימלעשער פּסק, דרכי שלום — אַ פרידליכער וועג, דורוש יֹשלום תפארתו — באַגריסט זיין שיינעם נאָמען, די שריפטען.
ד.ת. — דין תורה — אַ משפט לויט די תורה דינים, דברי תורה — ווערטלאַך וואָס איז דאָ אין דער תורה.
ד.ת.ב.ב.א. — דברה תורה בלשון בני אדם — די תורה רעדט ווי מענשען.

**ה.** הא — 5טער אות פון א"ב, זיין צאָל 5, ווייזט ה' הידיעה — די דער.

ה.אי.א.ס. —היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי — אידישע אימיגראַנטען הילף חברה.

**ה.א.** — הכנסת אורחים — שעלטערינג הויז, הם אמרו — זיי האָבען געזאָגט, הגאון אב בי"ד — דער גאון הויפּט פון געריכט הויז, הוא אמינא —וואָלט איך וועלען זאָגען, הוא אחד — ג־ט איז איינער.

**ה.א.מ.ל.ב.ז.כ.מ.וי.** — הרי את מקודשת לי בטבעת זו כדת משה וישראל — דער נוסח פון מקדש זיין א פרוי.

הב'.ית'. — הבורא יתברך — דער באַשעפער געבענשט זאָלע ער זיין.

**ה.ב.ע.** — הכי במאי עסקינן — וועגען וואָס רעדט זיך דאָ — האַנדעלט זיך.

**הב.ע.ל.** — הבא עלינו לטובה — וואָס ס'קומט אויף אונז צום גוטען.

**הב.ע.הח'.** — הבא על החתום — דער וואָס קומט מיט זיין אונטערשריפט.

ה.ג. — הכי גרסינן — אַזוי איז ביי אונז די גירסא, הלכות גדולות — ספר.

**הג.ר.א.** — הגאון רבינו אליהו — דער בעוואוסטער ווילנער גאון.

**הגנה** —(פול וואָרט) בעשיצער, ישראלס מיליטער.

ה.ד. —היכא דמי—ווי אַזוי איז דאָס גלייך. הכי דרשנן — אַזוי דרשנן מיר, היינא דוקא — אַזוי איז דאָס פּינקטליך, היינו דאמרי אינשי — דאָס איז ווי מענשען זאָגען, הדא דכתיב — אַזוי איז געשריבען, הדא דנאמר — אַזוי ווערט געזאָגט, הכי דעתו — אַזוי איז זיין מיינונג.

ה.דר'שב"י — הילולא דר' שמעון בן יוחאי — פייערונג אין זיין אָנדיינקען.

**ה.** — השם — ג־ט, הלכה — דין, הנאה — געניסען, ה' הידיעה.

ה.ה. — הוא הדין — אַזוי איז דאָס, דער געזעץ, הלוא הוא דאָס איז ער דאָך, הר הבית —דער באַרג וואו דער בהמ"ק איז געשטאַנען, הר הצופים — מאָונט סקאָפּוס אין ישראל, השומר הצעיר —דער יונגער היטער, הר הזתים ,הר ציון אין א"י, המן־הורדוס ,היטלער הרשע ימ"ש, הנה הוא — דאָס

איז ער, הסתדרות הציונים, הפועל המזרחי—נעמען פאר ציוניסטישע פּאַרטייען, הנה הם — דאָס זיינען זיי, הכי השתא — דאָס איז גישט אַ פאַרגלייבעניש, הדלקת הנרות — ליכט־צינדען, השארת הנפש — אומשטערבליכקייט, השתפכות הנפש — נשמה באַגייסטערונג, התפשטות הגשמיות — ארויסגעצויגען פון פיזישעס, הלוית־הוצאת המת — באַגלייטען ארויס־נעמען דעם טוידטען, השראת השכינה — ג־טליכע בעגייסטערונג, ס'רוהט די ג־טהייט.

ה.וה. — הכנסה והוצאה, הגבה וגלילה — אַריינטאָן, אַרויסנעמען, אויפהייבען, איינוויקלען די ספר תורה פאַר און נאָכן לייענען, היראים והחסידים — פאַרכטיגע פרומע.

— הישרים והתמימים — די רעכטע און די ערליכע — הנשחטים והנהרגים — געקוילעטע און ערמאָרדעטע אויף קידוש השם, הגדולה ו—הגבורה — גרויסקייט און גערעכטיקייט, שבחים צום רבש״ע.

**ה.ז** — הוא זה — דאָס איז ער, הרי זה — דאָס איז דאָס דאָך, הוראת זמן — **צייטלערע.**

הז.ומ. — הזן ומפרנס לכול — ג־ט איז דער שפּייזער פון אַלעמען.

ה.ח — הטבת חלום — אויסלייגען אַ חלום צום גוטען.

ה.ח.ז.ל. — הוראת חכמינו זכרונם לברכה — וואָס מ'לערענט אין תלמוד.

ה.ח. —התרת חרם—ארונטערנעמען אַ חרם, התרת חכם—אַ חכם איז מתיר אַ חרם.

ה.ט. — החזקת טובה — אַנערקענונג ווען אימעצער טוט אַ טובה.

ה.ט.וט. — הבדל טומאה וטהרה — אונטערשייד פון אומריין און ריין.

ה.יכ. הכול יכול (קאַוועיאַכעל) — ג־ט וואָס קאָן אַלץ.

ה.י.מ.וו. — היברו יאָנג מען־וואומען אָרגאַניזאַציע פון יונגע אידען.

ה.י.ד. — השם ינקום דמם — ג־ט זאָל ראכע נעמען פאר זייער בלוט.

ה.י.ויח. — השם ישמרהו ויחיהו — ג־ט זאָל אים היטען, האַלטען ביי לעבען.

ה.י. — השגת יד, דערגרייכונג, היום יום, — היינט איז דער טאָג,ביים ספירה ציילען, ביים זאָגען דעם יום.

ה.ל. —המוציא לאור — ארויסגבער פון ביכער, צייטונגען, הזמנה לדין—געלאַדען צום געריכט.

ה.ל.מס. — הלכה למשה מסיני — באַשטימטער דין פון מ"ר אויפן סיני.

ה.ל.ל. — היה לו לומר (למימר) האָט ער בעדאַרפט זאָגען.

ה.מ. — הני מילי — ווען איז דאָס געזעגט, הפסד מרובה — גרוים שאָדען, היכא משכחת — ווי איז מעגליך, ווי געפינט זיך דאָס.

ה.נ. — הזכרת נשמות, יו"כ, פסח, שבועות, סוכות, זאָגט מען יזכור.

ד.מ. —ד' מנים, 4 סאָרטן: אתרוג, לולב, הדסים, ערבות.

ד.ש.כ.ת —דרישת שלום כבוד תורתו (תמימותו)—פאַרשונג פון זיין תורה, כבוד, ערנכטקייט.

הי'.ו. — היראים ושלמים (והחסידים — פרומע גאָטספאַרכטיגע.

האָרא — — הארת ריקוד אמיץ — ליכטיגער פעסטער טאַנצען אין ישראל.

הנ.ל. — הנראה לעיל, הנזכר, — וואָס מ'האָט געזען, דערמאָנט אויבען.

ה.עס. — התר עיסקא — אַ שטר מכוח נעמען פראָצענט.

ז.ע. — הסתדרות עברית — חברה צו שטיצען העברייאיש.

ה.פ.צ. — הסתדרות פועלי ציון — חברה פון ראַדיקאַלע ציוניסטען.

הפ.הש. — הפטורת השבוע — הפטורה פון דער וואָך.

הצ.וב. — הצלחה וברכה — גליק און זעגען, הן צדק, אַ שבועה וועגען גערעכטיקייט.

הק.ב.ה. — הקדוש ברוך הוא — ג־ט דער הייליגער געבענטשט איז ער.

ה.ר.י.מ. — אַ ספר פון גערער רבי ר' יצחק מאיר אלטער ז"ל, חדושי הרי"ם.

הו.ר. — הושענה רבה — גרויסע הילף, יו"ט לעצטען טאָג חה"מ סוכות.

ו. וואָוו — 6טער אות פון א״ב צאָל 6, ווייזט — מלופם, הולם, ו המוסיף.
וא׳כ. —ואחרי כן־כך — און נאָך דעם ווייטערדיגען געשעהן.
וב.לצ.ג. — ובא לציון גואל — און ס׳וועט קומען צו ציון א אויסלייזער, תפלה.
וגו. — וגומר — און מ׳ענדיגט, מ׳פארפאָלקאָמט, מ׳זאָגט ווייטער.
וד״ל. — ודי להבין־לדעת — ס׳אי זגענוג צו פארשטיין — צו וויסען.
וד.לח.בר. — ודי לחימא ברמיזא — פאר א קלוגען איז גענוג א וואונק.
וו.וו. — ווילסטו וויסען, ווייטער וועג, ווייבערשער ווייגען — וויציגע ווערטער, ווינד און ווײ, ווילדער וואלד.
וע׳.כ. — ועל כולם — און אויף דעם אלעמען.
וו.צ.א. — (ווימען) ווייבערשער, פרויען ציוניסטישע אָרגאַניזאציע.
וו.ע.פ. — ווימענס עיר פאָרס — ווייבערשע מיליטערישע פליער.
ווי׳ל.ש. — ווילנער ש״ס — בארימטען געדרוקטען תלמוד אין ווילנע ביי ראָם.
וכו׳. — וכולי און די דערגאנצונג ווי ס׳ווערט ווייטער איבערגעגעבען.
ול.ב.ב. — ולכל בני ביתו — און צו זיינע אלע הויזלייטע גאנצע פאמיליע.
וער.הכ.הפ. — וועד הכספי־הפועל — פינאנס קאָמיטעט. הפועל — אקציאָנס קאָמיטעט.
ולפז.ועז. — ולפי זה — לויט נאָך דעם, ועל זה — און אויף, דירך דעם.
וק.ל. — וקל להבין — ס׳איז גרינג צו פארשטעהן, וקשה לי — ס׳איז מיר הארב.

| | |
|---|---|
| ז׳.זייען | — 7טער אות, צאָל 7, זין באוואָפענט, געווער, א געראנק. |
| ז.אז. | —זה־אל־זה־את־זה—דערצו־מיט דעם נאָך דעם, זינגען און זאָגען, זאת אומרת —דאָס זאָגט. |
| ז.הק׳. | — זהר הקדוש — קבלה ספר מיוחס צו ר׳ שמעון בן יוחאי. |
| ז.ונ׳. | —זכר ונקבה—אַן ער און א זי, זמן זה—די צייט. |
| ז.ומ׳. | זמנים ומועדים — צייטען און יו״ט, דאטען און פעריאָדען. |
| ז.י.הש. | — ז׳ ימי השבוע — 7 טעג אין וואָך, 7 וואָכען ציילט מען ספירה. |
| ז.י.ע.וכ.ב.י. | זכותו יגן עלינו, זכותו יעמוד עולם — זיין זכות זאָל באשיצען,ביישטיין אייביג אונז, וכל בית ישראל — און אלע אידען. |
| ז.מ.ק. | — זייאָן מיול קאָמפּאני — ציוניסטישע אייזעל טרייבער, אָרגאניזירט אין א״י ביי דער ערש־טער מלחמה פאר ענגלאנדס טראנספּאָרטאציע הילף. |
| ז.ל. | — זכרו לברכה־לטוב — זיין געדיינקעניש צו בענטשונג, צום גוטען, זה לשונו — אזוי איז זיין לשון, זו לא דוקא — דאָס איז ניט פונקטליך. |
| ז.מ.ז. | — זה מול זה, זה לעומת זה — איינער אנטקעגען דעם צווייטען. |
| ז.מ.נ.הק. | — זכר מעשי נשמתו הקדושה — אין אָנדיינקען פון זיין הייליגע נשמה. |
| זצוק.ל.ה.ה.ה. | — זכר צדיק וקדוש לברכה, הגאון, החסיד, הרב — אין זכר פון הייליגער צדיק, דער גאון, חסיד, דער רב — — — |
| ז.ק. | — ז׳ קרואים — 7 רופט מען צום ספר, זרע קודש הם— קינדער פון הייליגע, אָבשטאם פון צדיקים — דאָס איז דער נאָמען „זקהיים“. |

**ח. חיית** —8טער אות פון א"ב. צאָל 8.

**ח.א.ח.ב.** —חלק א'—ערשטער טייל, חלק ב'—צווייטער טייל, אזוי. חכמים אומרים—קלוגע זאָגען.

**ח.א.הע.** —חסידי אומות העולם—פרומע, מאָראַלישע ניט־אידען. חדוש—אגדות, נייעס אין אגדה.

**ח.ב.ד.** — חכמה. בינה, דעת — קלוגשאַפט, פערשטענדיקייט, וויסען — מיט דעם ר"ת באַצייכענען זיך ליבאַוויטשער חסידים, נאָכפאָלגער פון רב'ס שיטה.

**ח.ה.** — חזרת הש"ץ — דעם איבערזאָגען פון בעל תפלה ביים דאַווענען שמונה עשרה.

**ח.ב.ד.ח.ב.ע.** — חנינא בן דוסא, חנניה בן עקשיא — תנאים.

**ח.** — חודש — מאָנאַט, חבר — קאַלעגיע. למדן, חבור — באַהעפטונג, ספר; חסר — **אַרונטערנעמען**. חסיד — פרומער, חכם — קלוגער, חזן — ש"צ, חרם, חלוץ — פּיאָניר, חזקה — **אָנהאַלטען רעכט**, חורבן — פערוויסטונג. חתן (גרום).

**חב'ב.המד.** — חובשי בית המדרש — זיטצער אין בהמ"ד, לערנער, ישיבה בחורים.

**ח.ב.ר.ח.ב.ש.** — חורבן בית ראשון־שני — פערוויסטונג פון ערשטען־צווייטען בהמ"ק.

**ח.דר'ג.** — חרם דרבינו גרשון, געגען פיעל ווייבעריי. עפּענען יענעמס א בריעף א"נ.

**ח'הש.** — חילול השם — ג־ט'ס לעסטערונג, חוש המישוש — טאַפּען געפיהל. חשבון **הנפש — נשמה־** רעכענונג, חובת הלבבות — הארצענס געפיהל פליכט, נאָמען פון א מוסר ספר, **חל המועד** — רוה טעג צווישען 1טע און 2טע טעג יו"ט, חזוק האמונה—פערשטאַרקען דעם גלויבען, חזרת הש"ץ—דער איבערזאָגען פון בעל תפלה ביים דאַוונען, שמונה עשרה.

**ח.וק.** — חי וקים — לעבט און עקזיסטירט, שפּריכוואָרט פאַר א איינפאַכען **מענשען**.

**ח.וח.** — חס וחלילה, חס ושלום — אויסגעהיט זאָל מען ווערען, חריף ובקי א למדן מיט **א שאַרפע קאָפּ** און קלאָרקייט, חקירה ודרישה — פאָרשען און נאָכזוכען, חוכא וטלולא — **חוזק און שפּאַט**. **חצוף ועזות—פערשייט, פרעך**.

